יצחק יאַנאַסאָוויטש

# ה. לייוויק

## עטישע אחריות
## און מאָראַלישער פּאַטאָס



קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל
דורכן פאַרלאַג
BIBLOS ביבלוס
תשל"ח — 1977

דער קאָמיטעט פאַר י י ד י ש ע ר ק ו ל ט ו ר אין ישראל, צוזאַמען מיט דעם קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון די יידישע קולטור־קלובן אין לאַנד, דריקן אויס אַ דאַנק דעם פאַרלאַג „ביבלאָס״ און זיין דירעקטאָר ד״ר צבי יותם פאַרן נעמען אויף זיך צו רעאַליזירן די איניציאַטיוו אַרויסצוגעבן אַ סעריע בראָשורן געווידמעט יידישע און העברעאישע שרייבער, ווי אויך רעפעראַטן אויף קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעמעס וואָס אינטערעסירן דעם יידישן עולם.

מיטן אַרויסגעבן די דאָזיקע סעריע בראָשורן איז מען אויסן צו באַדינען די קולטור־קלובן און צו געבן זיי מאַטעריאַלן, בכדי זייערע קולטור־טוער זאָלן אַליין קענען צוגרייטן לעקציעס און רעפעראַטן אויף די געגעבענע טעמעס.

די פאַרעפנטלעכטע בראָשורן וועלן קענען געזאַמלט ווערן און געבונדן ווערן אין איין באַנד און דינען ווי אַן אינטערעסאַנטער און באַלערנדיקער לייען־שטאָף פאַר דעם ביחידותדיקן לייענער.

יצחק יאַנאַסאָוויטש

# ה. לייוויק

עטישע אחריות און

מאָראַלישער פּאַטאָס





א. מעסקין, אין „גולם"

**ווען** די ייִדישע פּעז־מענטשן אין ישראל האָבן באַשלאָסן צו בויען אַ קולטור־הויז אויפֿן נאָמען פֿון ה. לייוויק, זכרונו לברכה, איז דער דאָזיקער באַשלוס נישט נאָר איינשטימיק באַשטעטיקט געוואָרן אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט, נאָר קיינעם איז אַפּילו אויף אַ רגע נישט איינגעפֿאַלן צו פֿרעגן: פֿאַר וואָס גראָד לייוויק, פֿאַר וואָס נישט קיין אַנדערער ייִדישער דיכטער? און כאָטש ייִדישע שרייבערס אין ישראל האָבן אַ טיפֿע פּיעטעט פֿאַר דוד פּינסקי, ע"ה, וועלכער איז געווען דער ערשטער ייִדישער שעפֿער מיט אַ כמעט קלאַסיקער־סטאַזש וואָס האָט זיך באַזעצט אין דער מדינה, און כאָטש אין ישראל גופֿא איז פֿאַראַן אַ ממש־פֿאַנאַטישער קולט פֿאַרן פּאָעט איציק מאַנגער, וועלכער האָט דאָ דערגרייכט צו אַזאַ אַלגעמיינער פּאָפּולאַריטעט וואָס נאָר געציילטע דיכטערס האָבן צו איר זוכה געווען, האָט מען דאָך געהאַלטן פֿאַר נאַטירלעך און זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך, אַז אַ הויז פֿאַר דעם ייִדישן שרייבערטום אין דער מדינה, אַ הויז וואָס זאָל זיין דער סימבאָל פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור־דערגרייכונג ביז איצט, אַזאַ הויז דאַרף גערופֿן ווערן מיט לייוויקס נאָמען: דאָס הייסט, מיט דעם נאָמען פֿון דעם דאָזיקן מאַן וואָס

האָט סיי מיט זיינע קינסטלערישע קוואַליטעטן, סיי מיט זיין אידעיִשן ציל־באַוווּסטזיין געלייגט אַ חותם אויף דער ייִדישער ליטעראַטור און זי געפירט אויף די וועגן וואָס זיינען אייביק געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם ייִדישן פאָלקס־גייסט.

געוויס האָט די ייִדישע ליטעראַטור געהאַט און האָט נאָך איצט אויך אַ חוץ לייוויקן, אַ ריי גרויסע שרייבערס, גרויסע פּאָעטן און גרויסע פּראָזאַיקערס וואָס נישט איין אומה און נישט איין לשון וואָלטן זיך מיט זיי געגרויסט. געוויס האָט דאָס ייִדיש־ליטעראַ־רישע שאַפן פאַרמאָגט און פאַרמאָגט נאָך אויך היינט אַ היפּשע צאָל אייגנאַרטיקע טאַלאַנטן וואָס זייער מייסטערשאַפט, אָדער אָריגינאַליטעט, וואָלט הויך אָפּ־געשאַצט געוואָרן אין אַלע קולטורן און ביי אַלע פעלקער. אָבער ווען מען רעדט נישט סתם וועגן טאַלאַנט אָדער מייסטערשאַפט, נאָר מען רעדט וועגן שריי־בערישע פערזענלעכקייטן וואָס האָבן מיט זייער שליחות־באַוווּסטזיין און מיט זייער אחריות פאַרן פאָלקס־גורל באַווירקט די דאָזיקע קאָלעקטיווע באַ־וועגונג וואָס מיר רופן אָן ליטעראַטור, ריידן מיר און מיר האָבן אין זינען בעיקר צוויי שרייבערס וואָס זיינען געווען נישט בלויז גייערס, נאָר אויך פאָרויסגייערס און נישט נאָר וואַנדערערס, נאָר אויך וועגווייזערס. די דאָזיקע צוויי שרייבער זיינען: פּרץ און לייוויק, צוויי שרייבערס, וואָס האָבן מיט זייערע ווערק נישט נאָר געבויט די יחידישע טורעמס פאַר זייער ליטע־ראַרישער גרויסקייט און מעכטיקייט, נאָר האָבן אויך משפּיע געווען אויף דער אויספורעמונג און אויסקריס־טאַליזירונג פון דעם דאָזיקן גיגאַנטישן גייסט־היכל וואָס מיר רופן אָן און וואָס מיר באַצייכענען ווי די ייִדישע ליטעראַטור.

פיגוראַטיוו זיך אויסגעדריקט האָט מען די ייִדישע ליטעראַטור כאַראַקטעריזירט ווי די שיף פון ייִדישן גייסט וואָס שווימט איבער די צעשטורעמטע און צע־כוואַליעטע וואַסערן פון דער ייִדישער פאָלקס־עקסיס־טענץ. אַוודאי האָט יעדער ייִדישער שרייבער, ווער ער זאָל נאָר נישט זיין, אַ גרעסערן אָדער אַ קלענערן חלק אין דער פאָרויס־באַוועגונג פון דער דאָזיקער שיף, אָבער אויב אַ שיף מוז האָבן אַ קאַפּיטאַן וועלכער

זאָל אַכטונג געבן אויף איר ריכטונג און ציל, דאַן מוז מען זאָגן, אַז אַזאַ קאַפּיטאַן אויף דער ייִדישער ליטע־ראַטור־שיף איז געווען פּרץ, אין זיין צייט, און לייוויק אין זיין צייט. זייביידע זיינען עס געווען די וואָס האָבן געוואַכט נישט נאָר אויף די קינסטלערישע קוואַליטעטן פון אונדזער שאַפן, נאָר אויך אויף די אידעיִשע צילן וואָס אונדזער ליטעראַטור דאַרף דערגרייכן. דערפאַר איז ריכטיק צו באַהויפּטן, אַז שלום עליכם, שלום אַש, דוד בערגעלסאָן, משה לייב האַלפּערין, מאַני לייב און משה קולבאַק זיינען געווען פּרעכטיקע שרייבערס, מייסטערס פון וווּנדערבאַרע ליטעראַרישע ווערק, אָבער די פאָרמירערס פון דעם דאָזיקן ווערק וואָס הייסט: ייִדישע ליטעראַטור, זיינען געווען בלויז צוויי: י. ל. פּרץ און ה. לייוויק.

אַ שפּראַך פון אַ פאָלק קאָן האָבן וווּנדערבאַרע שרייבערס און די שרייבערס קענען שאַפן זעלטן שיינע ליטעראַרישע ווערק, קוים אָבער זיינען די דאָזיקע ווערק נישט געבונדן צווישן זיך מיט קיין אידעע וואָס וואָרצלט אין די טיפענישן פון פאָלקס־אינטעלעקט און איז אַן אויסדרוק פון דער אומהס גייסטיקע ראַנגלע־נישן פאַר איר עקסיסטענץ, איז שווער צו זאָגן, אַז די דאָזיקע שפּראַך האָט אַ ליטעראַטור אין אמתן זין פון וואָרט. וואָרים אַ בנין באַשטייט נישט בלויז פון ציגל און ליים, פון פענצטער און טירן. אַ בנין איז אַרכיטעקטור און אַרכיטעקטור איז פּלאַן, צילבאַוווּסט־קייט, נוצלעכקייט און נויטווענדיקייט. עס זיינען געווען ייִדן, שרייבערס אויף אַנדערע שפּראַכן און זיי האָבן געשריבן גוטע קינסטלערישע ווערק אויף ייִדישער טעמאַטיק, דאָך האָט זיך אין די דאָזיקע אַנדערע שפּראַכן קיין ייִדישע ליטעראַטור נישט געשאַפן. נאָר אין אונדזער אַלטער און אייביקער שפּראַך עברית און נאָר אין דעם טויזנטיעריקן לשון פון מזרח־איראָ־פּעיִשן ייִדנטום, יידיש, האָבן זיך געשאַפן ליטעראַטורן און נישט בלויז ווערק. און פאַר וואָס האָבן זיך אין די דאָזיקע צוויי שפּראַכן אויספאָרמירט ייִדישע ליטע־ראַטורן? ווייל די ווערק זיינען צונויפגעבונדן געוואָרן מיט דעם אינערלעכן פאָדעם פון אידעאָלאָגישער ציל־באַוווּסטקייט, מיט דעם פאָדעם פון שליחות, פון נוצ־לעכקייט און נויטווענדיקייט פאַרן ווייטערדיקן פאָלקס־

זיין. די דאָזיקע פּאָדעם־פּאַרשפּינערס אין דער ייִדי־שער ליטעראַטור זיינען געווען, די שוין דערמאָנטע, פּרץ און לייוויק און דערמיט זיינען זיי געוואָרן נישט נאָר גרויסע פּאָזיציעס אויפן שטח פון דער ייִדישער שעפערישקייט, נאָר זיי זיינען געוואָרן די קען־צייכנס, די עמבלעמען פון דער ייִדישער ליטעראַטור, פון איר באַוועגונג און פון איר עקסיסטענץ.

אַוודאי ווייסן מיר, אַז סיי פּרץ, סיי לייוויק, האָבן מיט זייערע שעפערישע און אידעיִשע שיטות אַרויס־גערופן קעגן־שיטות וועלכע האָבן דעם פּאָרמעלן עס־טעטיזם געשטעלט העכער ווי די עטישע ווערטן וואָס זיי ביידע האָבן באַטראַכט ווי דעם הויפּט־תכלית פון דער ייִדישער ליטעראַטור. אַוודאי ווייסן מיר, אַז עס זיינען געווען און עס זיינען נאָך איצט אויך פאַראַן אַ גאַנצע ריי שרייבערס און קריטיקערס וואָס האָבן רעוואָלטירט און רעוואָלטירן אויך וויטער קעגן דער שליחות־אָנלאָדונג וואָס זיי ביידע האָבן אַרויפגעלייגט אויפן יידישן וואָרט. נאָך אַלע רעוואָלטן און נאָך אַלע קעגנערשאַפטן זיינען אָבער פּרץ און לייוויק סיי ווי געבליבן די אָריענטירנדיקע קאָמפּאַסן פון אונדזער ליטעראַטור־שיף און אַפילו די וואָס זיינען, אויף להכעיס זיי, געשווומען אין אַן אַנטקעגן־געזעצטער ריכטונג און האָבן פּראָקלאַמירט ווי די העכסטע טוגנט פון דער ליריק דאָס פרייע פויגל־געזאַנג פון דעם דיכטער וואָס וויל נישט וויסן פון קיין שום סאָציאַלן, נאַציאָנאַלן, עטישן, אָדער פילאָזאָפישן עול, אַפילו זיי האָבן אויך זיך געמוזט אָריענטירן לויט פּרצן און לויט לייוויקן, פּונקט ווי דער שיפס־קאַפּיטאַן מוז זיך אָריענ־טירן לויט דעם ליכט־טורעם, אויך דעמאָלט ווען ער דערווייטערט זיך פון אים און אויך דעמאָלט ווען ער שווימט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג.



טשעמערינסקי אין מהר״ל



**ווען** דער ריז פון דער רוסישער ליטעראַטור, לעוו טאָלסטאָי, האָט אויף די עלטערע יאָרן רעוואָלטירט קעגן דער קונסט און האָט אין דעם דאָזיקן רעוואָלט אָפּגעפרעגט די גרויסקייט פון שעקספּירן, האָט ער, צווישן אַנדערע טענות, אויך פאָרגעוואָרפן דעם גאון פון סטראַטפאָרד, אַז ער איז גלייכגילטיק צו דעם גורל און צו די ליידן פון זיינע העלדן. קוקט זיך צו צו שעקספּירס ווערק, האָט טאָלסטאָי געטענהט, וועט איר זען, אַז ער האָט נישט ליב דעם אייפערזיכטיקן אָטעלאָ און ער האָט נישט פיינט דעם אינטריגאַנטישן יאַגאָ. שעקספּיר אַנטפּלעקט די ליידן פון זיינע פּער־סאָנאַזשן, אָבער ער ליידט נישט מיט מיט זיי, ער ווייטיקט נישט מיט שיילאָקן און ער טריומפירט נישט מיט פּאָרציאַן. ער באַדויערט נישט האַמלעטן און אים רירט אַפילו נישט דער טויט פון די צוויי יונגע פאַר־ליבטע, ראָמעאָ און יוליעטע. שעקספּיר אַנטפּלעקט ליידנשאַפטן, אינסטינקטן און געפילן, אָבער ער לויבט זיי נישט און טאַדלט זיי נישט. ער הייבט אויף קאָלאָ־סאַלע פּראָבלעמען, אָבער ער פאַרענטפערט זיי נישט און ווייזט נישט אַרויס קיין חשק זיי צו לייזן. פאַר אים עקסיסטירן די פאַקטן, די דערשיינונגען, אָבער נישט זייער מאָראַלישע אָפּשאַצונג און טאָלסטאָי האָט געמאַכט דעם אויספיר, אַז די דאָזיקע קונסט וואָס פילט נישט

מיט דעם מענטש אין זיינעליידן, די דאָזיקע ליטע־ראַטור וואָס האָט נישט קיין מאָראַלישע מאָסן איז קיין ליטעראַטור נישט, איז קיין קונסט נישט, איז אַליין אַמאָראַליש און שעדלעך פאַרן מענטש און פאַר דער געזעלשאַפט.

מיר וועלן איצט נישט אַריינגיין אין דעם תוך פון דער פראַגע, צי טאָלסטאָי איז טאַקע געווען גערעכט מיט זיין כאַראַקטעריסטיק וועגן שעקספּירס געניאַלע שאַפונגען, מיר וועלן בלויז אונטערשטרייכן, אַז לויט טאָלסטאָיס דעפיניציע איז אונדזער ה. לייוויק אַ גרויסער שרייבער. וואָרום דווקא די דאָזיקע אַלע עלעמענטן און קוואַליטעטן וואָס דער גאון פון דער רוסישער פּראָזע האָט נישט געפונען ביי שעקספּירן, געפינען מיר ביי לייוויקן. דאָס הייסט, מיר געפינען ביי אים, קודם־כל, דאָס מיט־ווייטיקן מיט די ליידן פון מענטשן און מיר געפינען ביי אים אויך די מאָראַלישע מאָס מיט וועלכער ער מעסט אַלע מענטשלעכע פּראָבלעמען און אַלע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען וועלכע ער האָט אויפגעהויבן אין זיינע פּילצאָליקע און פילזייטיקע ווערק.

לאָמיר דאָ צוגעבן, אַז ס׳איז נישט פאַראַן נאָך איין דיכטער ביי ייִדן וואָס זיין שאַפונגס־גאַמע זאָל זיין אַזאַ ברייטע און פאַרשיידנאַרטיקע ווי עס איז געווען די שעפערישע גאַמע פון לייוויקן. אין דעם פּרט האָט ער אַפילו ווייט אַריבערגעשטיגן פּרצן. ווייל פּרצעס פילזייטיקייט דריקט זיך אויס, בעיקר, אין זיין אומרויִק וואַרפן זיך אויף פאַרשיידענע ליטעראַרישע געביטן. לייוויק איז אויך פילזשאַנערדיק, אָבער ער איז נישט בלויז דאָס. לייוויק האָט אונדז איבערגעלאָזט אַ ליטעראַרישע ירושה וואָס ס׳איז קוואַליטאַטיוו ממש שווער אויסצומעסטן. וואָרים עס איז בוכשטעבלעך נישט פאַראַן קיין איין שטח פון דער מענטשלעכער און דער געזעלשאַפטלעכער פּראָבלעמאַטיק וואָס ער זאָל נישט האָבן באַרירט אין זיינע ווערק. עס איז נישט פאַראַן קיין איין געביט פון מענטשלעכן געפילס־לעבן וואָס ער זאָל נישט האָבן אַנטפּלעקט אין זיין דיכטונג. עס איז נישט פאַראַן קיין איין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער פראַג־צייכן וואָס ער זאָל אים נישט האָבן אַוועקגע־שטעלט אין זיינע דראַמאַטישע פּאָעמעס און אין זיינע

באַלאַדישע דראַמעס. אַלע יחידישע שטימונגען, אַלע קאָלעקטיווע גייסט־מאַטערנישן, אַלע שאלות וואָס דער מענטש פרעגט גאָט און אַלע טענות וואָס גאָט טענהט צום מענטש, אַלע מענטשלעכע האָפענונגען און פאַר־צווייפלונגען, אַלע רעוואָלטן און אַלע הכנעות, אַלע ליידן און אַלע פריידן, אַלע געזאַנגען פון עקסטאַז און אַלע יאָמערן פון אויסניכטערונג, אַלץ, אַלץ געפינט איר אין לייוויקס ווערק, אין זיינע לידער, אין זיינע דראַמעס, אין זיין פּראָזע און אין זיינע עסייען.





אַ סצענע פון „גולם״
מעטאַלאַפּלאַסטיק
פון אריה מערזער

**פון** וואָסער שטאַנדפּונקט איר זאָלט נישט ווען קוקן, איז לייוויק דער פּענאָמענאַלסטער דיכטער אין אונדזער ליטעראַטור. וואָרום ער איז געווען, אי אַ מיס־טיקער, אי אַ רעאַליסט. ער האָט אין „גולם״ און אין דער „גאולה־קאָמעדיע״ געשטעלט טיפע סאָציאַלע פּראָבלעמען פון זיין צייט און ער האָט אין די „טעג פון איוב״ אויפגעהויבן פילאָזאָפישע פראַגן וואָס גע־הערן צו דער אייביקייט. ער איז געווען אַ ליריקער וואָס האָט זיך געצויגן ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט, צו דעם חלום־לאַנד, דעם פאַרבאָטענעם און גלייכצייטיק האָט ער געטרעטן האַרט אויף דער ערד פון דער קאָנ־קרעטער סאָציאַלערווירקלעכקייט און האָט אונדז גע־וויזן דעם שאָפּ, די אָרעמע מלוכה, די מענטשן ביי די שמאַטעס. ער האָט געזונגען וועגן דינע, שאָטן־צאַרטע שטימונגען און אַנונגען מיט דעם קול פון אַ ליריקער און אין דער זעלבער צייט האָט ער געמאָלן עפּאָכאַלע געשעענישן מיט דעם דיכטער־פּענדזל פון אַן עפּיקער. ער איז געווען אַ טיף־יידישער נאַציאָנאַליסט און דערביי האָט ער זיך באַוועגט אין יענע ספערן ווו עס זיינען נישט פאַראַן קיין פעלקער און קיין לענדער, קיין קאָלירן און קיין ראַסן. ער איז געווען אַ סאָציאַ־לער מאָנער און דערביי אויך אַ ראָמאַנטישער טרוימער. ער איז געווען דער רעוואָלוציאָנער וואָס האָט געקלונ־גען אין די גלעקער פון אויפשטאַנד און גלייכצייטיק

איז ער אויך געווען דער וואָרענער קעגן דער רעוואָ־לוציע, וואָס וויל פאַרווירקלעכן הייליקע צילן מיט אומהייליקע מיטלען. ער האָט דעם לעצטן בוך זיינעם אָנגערופן „לידער צום אייביקן" און אין דער זעל־ביקער צייט האָט ער אַפילו אין דעם דאָזיקן בוך לידער און פּאָעמעס וואָס ברענען מיט מרידה כלפּי שמים. לייוויק האָט געבענטשט די פאָן פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און דערביי האָט ער אויסדריקלעך באַטאָנט, אַז מער נאָך ווי די חשמונאים זיינען אים ליבער די עשרה הרוגי מלכות. אין ערשטן אויגנבליק קאָן זיך אפשר אויסדאַכטן, אַז ער איז געווען פול מיט קאָנטראַסטן, אָבער ווער עס קאָן לייוויקן, ווער עס האָט זיך דערגרונטעוועט צו זיין שעפערישן מהות, דער ווייסט, אַז דאָס זיינען בשום אופן נישט קיין קאָנטראַסטן, נאָר דאָס זיינען בלויז די פאַרשיידנאַר־טיקע עלעמענטן וואָס בילדן זיין פילזייטיקע און פיל געשטאַלטיקע פערזענלעכקייט. לייוויקס שאַפן דאַרפן מיר זען ווי אַ גרויס־לייוונטיק, פילפאַרביק בילד. יעדעס בילד באַשטייט פון הונדערטער שטריכן, פון צענדלינגער פאַרבן און קאָליר־ניואַנסן. קאָן זיין, אַז גענומען באַזונדער ווירקן די שטריכן און די פאַרבן ווי קאָנטראַסטן. צוזאַמענגענומען אָבער, שאַפן זיי דאָס גרויסע געמעל, די גרויסע האַרמאָניע, די גרויסע איינ־הייטלעכקייט. און אין דעם באַשטייט טאַקע דאָס פענאָ־מענאַלע ביי לייוויקן: נישטאָ נאָך אַ דיכטער וואָס זאָל זיין אַזוי מאָנאָליט ווי ער. קינסטלעריש זיינען זיינע פאַרינטערעסירונגען געווען די סאַמע ברייטסטע, אָבער אידעיש איז ער תמיד דערגאַנגען צו איין סך־הכל, צו דעם סך־הכל פון דער ייִדישער עטיק, צו דעם סך־הכל פון דער ייִדישער מאָראַל.

וואָס לייוויק האָט נאָר נישט געזאָלט שרייבן, אַ לירישע פּאָעמע, אָדער אַ סאָציאַלע דראַמע, אַ פילאָזאָ־פיש־מיסטישע טראַגעדיע אָדער אַ חורבן־ליד, — אַלץ איינס איז ער תמיד סטימולירט און אינספּירירט גע־וואָרן פון אַן עטישן אימפּולס, פון אַ באַגער און אַ באַדערפעניש אַרויסצוברענגען זיין מאָראַלישן אַני מאמין בנוגע וועלט און לעבן. לייוויק האָט אַ סך יאָרן פלאַמיק געגלויבט אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און ער האָט וועגן איר געזונגען אין פיל פון זיינע

לידער און פּאָעמעס. אָבער ווען ער האָט געזען, אַז די רעוואָלוציע וואָס האָט צוגעזאָגט צו ברענגען דער מענטשהייט דערלייזונג פאַרנעמט זיך אויפן וועג פון רשעות און אכזריות, האָט ער אָנגעשריבן זיין „גולם", זיין „גאולה־קאָמעדיע", זיין ווערק „קייטן" אין וועלכע ער האָט גענומען וואָרענען פאַר דער רויער קראַפט וואָס באַנוצט זיך מיט דער האַק צוליב די הויכע צילן פון אויסלייזונג. לייוויק האָט נישט געלייקנט אין דער נויטווענדיקייט פון רעוואָלוציעס בכלל, ער איז נישט געווען קיין סאָציאַלער פּאַטאַליסט, אויף יעדן פאַל איז ער דאָס נישט געווען ביז צו די 40ער יאָרן פון אונ־דזער טראַגישן יאָרהונדערט. ער איז אָבער יאָ געווען אַ מאָראַליסט. ער האָט נישט געוואָלט אָנערקענען דעם געדאַנק, אַז צוליב דעם וואָס דעם מאָרגנדיקן מענטש זאָל זיין גוט, מעג מען צו דעם היינטיקן מענטש זיין שלעכט. זיין מאָראַלישער קרעדאָ איז אַלע מאָל געווען, אַז יעדעס מענטשלעכע לעבן איז הייליק און מען טאָר נישט בויען עמעצנס גליק אויף אַן אַנדערנס אומגליק. נאָך מער: לייוויק האָט בכלל נישט געגלויבט, אַז מיט שלעכטע מיטלען זאָל מען קענען דערגרייכן אַ גוטן ציל און ער האָט דערוויזן, אַז אַפילו ווען דער געט־לעכער מהר"ל נעמט זיך באַנוצן מיט אַ גולם וועלכן ער גיט אַ האַק אין דער האַנט אַריין, רעוואָלטירט דער גולם, רעוואָלטירט די רויע רשעותדיקע קראַפט קעגן איר באַשעפער און נישט בלויז פירט ער נישט אויס זיינע הייליקע צילן, נאָר ער ברענגט מיט זיך אַ נייע כוואַליע פון רשעות, טעראָר און מאָרד וואָס דערוויטערן אונדז פון די צילן וועלכע די רעוואָלוציע האָט זיך געשטעלט.

לייוויק האָט געשריבן זיין „גולם" אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט. דאָס ליכט פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט דאַן נאָך פאַרלויכטן און פאַרבלענדט אַ האַלבע וועלט. לייוויק אַליין איז דעמאָלט נאָך געווען אַ היפּש געפּאַנ־גענער פון דעם דאָזיקן אויפגייענדיקן רויטן ליכט. דאָך האָט זיין אינערלעכער מאָראַלישער אימפּעראַטיוו אים שוין דעמאָלט געצוווּנגען אָוועקצושטעלן די מע־טאָדן פון דער רוסישער רעוואָלוציע אונטער אַ פראַגע־צייכן. מען קען און מען מעג זאָגן, אַז אין דער צע־

שיסונג פון די קראַנשטאַטער מאַטראָזן אין יאָר 1917 האָט לייוויק שוין געזען יענע מאָראַלישע דעפעקטן פון דער רעוואָלוציע וואָס וועלן אין יאָר 1939 זי ברענגען צום סטאַלין־היטלער־פּאַקט, וואָס וועלן אין יאָר 1948 זי פֿאַרוואַנדלען אין דער הענקערן פון דער ייִדישער קולטור אין רוסלאַנד, וואָס וועלן אין יאָר 1952 זי ברענגען צו דערמאָרדן די ייִדישע שרייבער און וועלן וואָס ווייטער און ווייטער זי פירן אויפן וועג פון דעם דאָקטוירים־בילבול, פון באַוואָפענען די אַראַבער און פון ווערן דער טשעמפּיאָן פון דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע אין דער גאַנצער וועלט.





סקולפּטור פון מ. מילבערגער

פּונקט אַזוי ווי לייוויק האָט געזוכט מאָראַלישע ריינקייט און עטישע אחריות אין די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, אין די באַציונגען בין אָדם לחברו, אַזוי האָט ער אויך געזוכט דעם מאָראַלישן פּרינציפּ אין די קאָסמיש־מעטאַפיזישע פראַגן, אין דעם קאָמפּלעקס פון פּראָבלעמען וואָס מיר רופן אָן: בין אָדם למקום. ווען ער האָט באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם פון באַציונג צווישן מענטש און גאָט אין זיין דראַמאַטישער פּאָעמע „אין די טעג פון איוב”, האָט ער זיין העלד, זיין איוב, נישט געלאָזט שלום מאַכן מיטן גורל ווי דאָס טוט דער ביבלישער איוב ווען גאָט גיט אים, נאָך אַלע ליידן, אַ נייע ווייב, נייע קינדער און אַ נייעם פאַרמעגן. ניין, לייוויקס איוב נעמט נישט אָן די טענה פון תנכישן גאָט, אַז ווייל דער מענטש קען נישט און ווייסט נישט די סודות פון אוניווערס און די געזעצן פון זיין, טאָר ער קיין קשיות נישט פרעגן און מוז באַרעכטיקן אַלץ וואָס עס געשעט מיט אים. לייוויקס איוב מאָנט ביי גאָט אַ חשבון פאַר זיינע ליידן און נישט בלויז פאַר זיינע ליידן, נאָר אויך פאַר די ליידן בכלל. ווי קאָן זיין גערעכטיקייט, פרעגן די אויפגעשטורעמטע, צעבונטעוועטע פּערסאָנאַזשן פון זיין דראַמע, ווען דאָס לעבן פון דעם יצחק־קרבן מוז אויסגעקויפט ווערן דורך דעם קרבן פון אַן אומשולדיקן ווידער? איז וואָס, אַז איוב קריגט נאָך אַלע זיינע נסיונות אַ נייע פרוי און נייע קינדער? אָבער יענע וואָס זיינען אומגעקומען האָבן דאָך ביי

זייער אומקום אומשולדיק געליטן, טאָ מיט וואָס קאָן מען פאַרענטפערן זייערע ליידן, זייערע יסורים, זייער טויט?

פונקט ווי לייוויק איז אין זיינע סאָציאַלע ווערק קאָנצענטרירט בעיקר אויף די מאָראַלישע פּראָבלעמען, אַזוי איז ער אויך אין זיינע פילאָזאָפישע ווערק דורכויס געווענדט צו די עטישע פראַגן. לייוויק האַלט, אַז דער עיקר פון דער מאָראַל איז נישט דער אַבסטראַקטער תנכישער „ואהבת לרעך כמוך", נאָר דער עיקר איז דער תלמודישער „וואָס דיר איז נישט ליב, זאָלסטו יענעם נישט טאָן". פונקט ווי דו ווילסט נישט ליידן, אַזוי זאָלסטו, קודם־כל, אויך יענעם נישט פאַרשאַפן קיין ליידן. דאָס הייסט: ראשית כל — נישט טאָן קיין שלעכטס, ראשית כל — נישט האַנדלען אונטערן אַפעקט פון שינאה, דאָס גוטס, די ליבשאַפט וועט שוין במילא קומען. און נאָך אַ זאַך: ווייל לייוויקס קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו איז נישט צו פאַרשאַפן קיין ליידן, קומט ער שוין במילא צום אויספיר, אַז די הייליקייט פון זיין איז חל נישט בלויז אויף דעם מענטשנס גייסט, נאָר קודם־כל, אויף זיין גוף. דערמיט וואַרפט ער אָפּ די טעזע פון די אַלע רעליגיעזע און אידעישע פאַנאַטיקער און דאָגמאַטיקער וועלכע האָבן זיך איינגערעדט אַז מען מעג פייניקן דעם מענטשלעכן גוף, כדי צו לייטערן די מענטשלעכע „נשמה.

און פונקט ווי ער האָט געמאָנט עטישע אחריות ביי דער רעוואָלוציע, ביי גאָט, אָדער ביי דער נאַטור, אַזוי האָט ער אויך געפאָדערט און געמאָנט מאָראַלישע אָפּגעהיטנקייט ביים יידישן פאָלק. אַוודאי האָט ער געבענטשט די פאָן פון מרידה אין וואַרשעווער געטאָ; אַוודאי האָט ער געוואָלט ווייטער זען דעם המשך פון יידישן לעבן נאָכן חורבן. אָבער אויך אין די דאָזיקע פאַלן האָט ער געוואָלט אַז דורכן אַקט פון אויפשטאַנד זאָלן מיר זיך נישט אידענטיפיצירן מיטן רשע און נישט אָנגעשטעקט ווערן מיט זיין מאָרד־לוסט. ער האָט טאַקע געבענטשט די חתונה אין פערנוואַלד, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען זיין העלד, אברהם, האָט זיך איבערצייגט, אַריינקוקנדיק טיף אין זיך, אַז זיין חתונה־אַקט איז נישט קיין אויסדרוק פון ערדישע תאוות און אינסטינקטן, איז נישט קיין פּרוּוו צו וועלן פאַרגעסן דעם

חורבן, נאָר אים בייצוקומען דורך דער ווייטערדיקער עקסיסטענץ פון יחידים וועלכע ווילן צוריק אויפבויען דעם כלל.

לייוויק האָט אין צענדליקער און צענדליקער לידער און עסייען געבענטשט דעם אויפקום פון מדינת ישראל אין די פייערן פון דער מלחמת־השיחרור. ער האָט די קרבנות פון דער באַפרייונגס־מלחמה באַזונגען אין אַזאַ וווּנדערלעך ליד ווי די „צוויי זילבערנע בעכער". ער האָט אין דעם מדינה־נס געזען די פאַר־ווירקלעכונג פון דעם נביאישן „והיה". אָבער אויך אין זיין גרויסער פרייד מיט דער מדינה, האָט ער נישט פאַרגעסן צו מאָנען חסד און רחמים און נישט אויפ־געהערט וואָרענען קעגן אַ מיליטאַריסטישער שטאַטס־פילאָזאָפיע. ער איז נישט געווען קיין סתם פּאַציפיסט און ער האָט נישט געפּסלט די מלחמה ווי אַ נויטווענ־דיקייט פון זעלבסטפאַרטיידיקונג, אָבער ער האָט קלאָר און דייטלעך געזאָגט, אַז אויב מיר זאָלן זיך פאַרכלינען מיט מיליטערישע נצחונות, אויב מיר זאָלן גלאָריפי־צירן מלחמות, אויב מיר זאָלן באַהערשט ווערן פון אַ מאַכט־ווילן און פון הערשערישע אינסטינקטן, דאַן וויל ער בעסער זיין צווישן די עשרה הרוגי מלכות און ניט צווישן די זיגערישע חשמונאים, דאָס הייסט: ער וויל בעסער זיין צווישן די וואָס ליידן און נישט צווישן די וואָס פאַרשאַפן ליידן.

לייוויקס עטישע פּאָסטולאַטן, לייוויקס מאָראַלי־שער פּאַטאָס זענען נאָענט צום האַרצן פון יעדן ייִדישן שרייבער וואָס לעבט און שאַפט אין דער מדינה. דערפאַר איז אונדז טאַקע אַזוי פאַרשטענדלעך, דערפאַר איז אונדז טאַקע אַזוי קלאָר פאַרוואָס ייִדישע שרייבער האָבן באַשלאָסן אָנצורופן זייער הויז אין תל־אביב מיט לייוויקס נאָמען און דערמיט צו שטעלן אַ דענקמאָל נישט נאָר אים אַליין, נאָר אויך דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור וועלכע גייט אין די וועגן פון דער ייִדישער מאָראַל וואָס ער, ה. לייוויק, האָט אַזוי קינסטלעריש אַרויסגעבראַכט אין זיינע ווערק, אין זיין גאַנץ שאַפן.

# וויכטיקע דאַטעס אין לעבן פון ה. לייוויק

ה. לייוויק (פסעוודאָנים פון לייוויק האַלפּערן) איז געבוירן געוואָרן דעם 9טן דעצעמבער 1888 אין איהומען מינסקער גובערניע, ווייסרוסלאַנד. זיין פאָטער — שאול האַלפּערן איז געווען אַ מיידלישער לערער, זיין מוטער — אסתר רבקה האָט צוגעהאָלפן אין דער בידנער פרנסה מיט באַקן ברויט און בייגל. לייוויק איז געווען איינער צווישן ניין קינדער אין זייער הויז.

אין יאָר 1898, אַלט ווערנדיק 10 יאָר, ווערט לייוויק געשיקט קיין בערעזין, אַ נאָענט שטעטל פון איהומען, ווו ער לערנט אין דער אָרטיקער ישיבה.

אין יאָר 1903 פאַרלאָזט ער די ישיבה און ווערט אַ לערער אין אַ דאָרף נישט ווייט פון זיין שטעטל. צו יענער צייט איז ער שוין באַהאַוונט אין דער משכילישער ליטע־ראַטור אויף יידיש, העברעאיש און רוסיש.

אין יאָר 1906 ווערט ער אַרעסטירט פאַר באַטייליקן זיך אין אַן אומלעגאַלער פאָליטישער דעמאָנסטראַציע. מען באַפרייט אים ווי אַ מינדעריעריקן אָבער אין זעלביקן יאָר אַרעסטירט מען אים אויפסניי און מען געפינט ביי אים אומלעגאַלע בונדישע ליטעראַטור.

אין 1908, זיצנדיק אין מינסקער תפיסה, שאַפט ער זיינע ערשטע פאָעמעס, די דראַמאַטישע פאָעמע „משיח אין קייטן" און די לירישע פאָעמע „אַ נשמה אין גיהנום". נאָך פאַר די דאָזיקע שאַפונגען האָט ער שוין געשריבן פיל לידער אין העברעאיש. אין דעם יאָר 1908 ווערט לייוויק פאַרמשפט צו פיר יאָר תפיסה און לעבנס־לאַנגער פאַר־שיקונג.

אין יאָר 1912, נאָכן אָפּזיצן פיר יאָר צייט אין כלערליי תפיסות, קומט ער אָן אין זיין פאַרשיקונגס־אָרט אין סיביר.

אין יאָר 1913 אַנטלויפט ער פון סיביר און דערשלאָגט זיך קיין אַמעריקע. זיינע איבערלעבונגען אין די תפיסות און דאָס אַנטלויפן פון סיביר שילדערט ער אין זיין בוך „אויף צאַרישער קאַטאָרגע".

אין 1918 דערשיינט זיין ערשט בוך לידער „הינטערן שלאָס".

אין יאָר 1921 דערשיינט זיין דראַמע „דער גולם". די דראַמע רוקט אַרויס דעם יונגן שרייבער צו דער מזרח־וואַנט אין דער יידישער ליטעראַטור. „דער גולם" ווערט איבערגעזעצט אין פיל שפּראַכן און ווערט אויך אין עט־לעכע שפּראַכן געשפּילט אויף די וועלט־בינעס מיט גרויס דערפאָלג.

אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן באַזוכט לייוויק פּוילן ווו ער ווערט ענטוזיאַסטיש אויפגענומען דורך די יידישע לייענער.

אין יאָר 1926 באַזוכט ער רוסלאַנד און ישראל.

אין יאָר 1936 איז ער דער דעלעגאַט פון יידישן פּען־קלוב צום פּען צוזאַמענפאָר אין בוענאָס איירעס. מיט זיין אַרויסטרעטונג מאַכט ער אַ גרויסן רושם און רופט אַרויס קעגן זיך דעם צאָרן פון די פּוילישע מושלים וועלכע ער גרייפט אָן צוליב זייער אַנטיסעמיטיזם.

אין יאָר 1946 באַזוכט ער די פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד. זיינע איינדרוקן פונעם באַזוך צווישן דער שארית הפליטה ברענגט ער אַרויס אין זיין ליטעראַרישן שאַפן ווי אויך אין אַ באַזונדער רעפּאָרטאַזשן בוך.

אין יאָר 1957 מאַכט ער אַ גרויסן רושם אין דער יידישער וועלט מיט זיין רעדע אויפן אידעאָלאָגישן כינוס אין ירושלים.

1958, דער ליטעראַרישער סך הכל צו זיין זיבעציקסטן געבוירנטאָג זענען 9 ביכער פּאָעזיע, 21 פּאָעטישע דראַמעס און עטלעכע ביכער פּראָזע.

אין דעם זעלביקן יאָר ווערט ער שווער קראַנק. אַ פּאַראַליזש שמידט אים צו צום בעט פון וועלכן ער שטייט שוין מער נישט אויף. בעת זיין קראַנקשאַפט דער־שיינען נאָך זיינע ביכער „אויף צאַרישער קאַטאָרגע" און אַ באַנד „לידער צום אייביקן".

ה. לייוויק איז געשטאָרבן דעם 23סטן דעצעמבער 1962, צום דריטן חנוכה־ליכטל, בעת ער איז אַלט געוואָרן 74 יאָר.

נאָך זיין טויט איז דערשינען זיין בוך „נישט געדרוקטע דראַמעס", אַרויסגעגעבן דורך דעם קולטור־קאָנגרעס אין בוענאָס איירעס.

די לייוויק־ביבליאָגראַפיע איז פון דער זעלביקער גרויס וואָס די ביבליאָגראַפיעס פון אונדזערע קלאַסיקער און גאָר גרויסע שרייבער.

## ביבליאָגראַפיע

1) ה. לייוויק: הינטערן שלאָס. געקליבענע ווערק ב. 1.
פאַרלאַג ב. א. קלעצקין, ווילנע 1927.

2) ה. לייוויק: דער גולם. געקליבענע ווערק באַנד 2.
פאַרלאַג ב. א. קלעצקין, ווילנע 1927.

3) ה. לייוויק: אָרעמע מלוכה. ג. וו. באַנד 3.
פאַרלאַג ב. א. קלעצקין, ווילנע 1927.

4) ה. לייוויק: באַנקראָט. ג. וו. באַנד 4. פאַרלאַג ב. א.
קלעצקין, ווילנע 1927.

5) ה. לייוויק: שאָפּ. ג. וו. באַנד 5. פאַרלאַג ב. א. קלעצ־
קין, ווילנע 1928.

6) ה. לייוויק: די גאולה־קאָמעדיע. פאַרלאַג ל. מ. שטיין
שיקאַגאָ 1934.

7) ה. לייוויק: אַלע ווערק. באַנד 1. לידער און פּאָעמעס
אַרויסגעגעבן דורכן לייוויק יובל קאָמיטעט
ניו־יאָרק 1940.

8) ה. לייוויק: אַלע ווערק. באַנד 2. דראַמאַטישע פּאָעמעס.
אַרויסגעגעבן דורכן יובל קאָמיטעט, ניו־
יאָרק 1940.

9) ה. לייוויק: איך בין ניט געווען אין טרעבלינקע. לידער
און פּאָעמעס. ציקאָ־פאַרלאַג ניו־יאָרק 1945.

10) ה. לייוויק: מהר"ם פון רוטענבערג. ציקאָ־פאַרלאַג ניו־
יאָרק 1945.

11) ה. לייוויק: די חתונה אין פערנוואַלד. ציקאָ־פאַרלאַג
1947.

12) ה. לייוויק: אַ בלאַט אויף אַן עפּלבוים. לידער. פאַרלאַג
קיום. בוענאָס־איירעס 1955.

13) ה. לייוויק: לידער צום אייביקן. פאַרלאַג „דער קוואַל"
ניו־יאָרק 1959.

14) ה. לייוויק: אויף צארישער קאַטאָרגע. פאַרלאַג י. ל.
פּרץ. תל־אביב 1954.

15) ש. ניגער: ה. לייוויק. טאָראָנטאָ 1951.